BIBLIOGRAFIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

**YIDDISH DRAMA AT YIVO LIBRARY**

Master negative Storage Number Y-2002- 1821.18

Goldfaden, Abraham, 1840-1908. Tantsmann, Avraham Yitshak. Hotsmah's kremil fun fershiedene antiken : 25 Yudishe folkslieder vos zenen gezungen gevoren in Goldfadens Yudishen theater / tsuzammen geklieben fun Avraham Yitshak Tantsmann. Varsha : Moysheh Mordkhe Tsukermann, [1891]. vii, 88 p. ; 16 cm. /13599 ; /17582; NXYH00-B2822

MICROFILMED BY

THE YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

NEW YORK, NY

| | |
|---|---|
| Film Size: | 35 mm microfilm |
| Image Placemement | IIA |
| Reduction Ratio | 10X |
| Date Filming Began: | 08/20/02 |

GOLDFADEN, ABRAHAM

HOTSMAH'S KREMIL …

WARSAW: [1891]

VII, 88 p.

#181 [illegible]



# ,,האצמאחס קרעמיל"

## פון פערשידענע אנטיקען

*Isaac Siletzky,*

מוכר ספרים & ספרי השכלה,

[illegible] ווירד צום לייען געגעבען

מיט מעסיגע פרייזען.

94 Forsyth Street, New York.

# „האצמאכס קרעמיל"

## פון פערשיעדענע אנטיקען

25 יודישע פאלקסליעדער

וואס זענען געזונגען געווארען אין

**גאלדפארענס** יודישען טהעאטהער

צוזאמען געקליעבען

פון אברהם יצחק טאנצמאנן

הערויסגעגעבען

פון משה מרדכי צוקערמאנן.

ווארשא
דרוק אונד ליט. פ. בוימריטטער ביעליינסקא 16.
שנת תרנ"א לפ"ק

# ГОЦМАХСЪ КРЕМИЛЪ

т. е.

25 разныхъ еврейскихъ народныхъ пѣсенъ
и куплетовъ, пѣтыхъ

**въ еврейскомъ народномъ Театрѣ**

**ГОЛЬДФАДЕНА**

собрано:

**А. I. ТАНЦМАНОМЪ.**

ВАРШАВА
Типо-Лит. Ф. Баумриттера Бѣлянская № 16.
1891.

Дозволено Цензурою,
Одесса 1 Марта 1891 г.

# פֿאָררעדע.

הערענדיג וויא פיעל מענשען, סייא גרויסע, סייא קליינע, סייא אלטע, סייא יונגע, סייא ווייבלעך, סייא מיידלעך, וועלכע האבען געהאט דאס פערגניגען צו זעהען אונ צו הערען „דאס יודישע טהעאטהער“, עליו־השלום, מוטשען זיך נאך עד היום נאכצוזינגען די שיינע „ליעדער“ אונד „קופלעטען“, וואס זיי האבען געהערט פון די יודישע אקטיארען אונ אקטריסעס, האט מיך נישט איין מאהל זייער באנג געטהון (פערדראססען) אויף דאס „געעהרטע פובליקום“, וואס זיא נעמט זעהר אפט א גאנץ, גאנץ שעהנעם ליעד אונ זינגט עס אבער אזוי נאך, אז דאס ליעד בלייבט נעבאך אהן הענט אונ אהן פיס, אהן לייב אונ אהן לעבען. אונ אזוי, וויא בטבע בין איך א גאנץ גוטער, אונ האב רחמנות, וויא אויף די ליעדער, זא אויך אויף דאס „פובליקום“, האב איך מיך מישב געוועזן, אז פאר מיר וואלט איפשר גאר קיין שלעכטער געשעפט נישט געוועזן נעמען אט טאקע די אלע יודישע ליעדעלעך אונ קופלעטען, צו זאמען קלייבען זיי, אויסרייניגען, אבפוצען, פארקאמען אונ

פארגלעטען, אונ פון דיא בעסערע פון זיי, מאכען זיך אויף דיא עלטערע יאהרען א "הצמח'ס קראמיל". — גירעדט אונ געטהון. איך האב עס טאקע אזוי געמאכט אונ בין דער־וויל צופריעדען. מהיכא תיתא! פאר וואס זאל טאקע דאס שיינע מיידעלע נישט נעמען שוין איין אבגעוואשען, פאר־פוצטע ליעדעל אונ זינגען עס טאקע מיט טעם אונ מיט חן, אזויא וויא זיא איז אליין? .... פאר וואס זאל טאקע דאס פרומע שניידעריל, ווען ער זיצט זיך פארלייגט איין פיסעל איבער דאס אנדערע אונ ציהט אוים מיט דער נאדעל דעם נאט, פאר וואס זאל ער ניט אויסציהען אויך מיט'ן נרגרת'יל דעם טאן? פאר וואס זאל דאס גוטע שוסטעריל, קלאפענדיג מיט'ן האמער דעם אבצאם מיט דעם טאקט, אדער דאס "פערגנב'טע חסידיל", וואס האט זיך ניט איין מאהל "בגנבה'" אריין "געכאפט" אין יודישען טהעאטהער אריין, אונ ווערענד "קיינער הערט נישט, ניט זיך ביי איהם נישט־ווילענדיג א חאפ־ארוים פון זיין פה־קדוש א שטיקעלע "א נאטורי'ו בעוויין דיין נס' פון בר כוכבא. אדער א ביסעלע "ראזינקעס מיט מאנדלען" פון שולמית. א. ז. וו. — פאר וואס זאלין זיא טאקע אט דיא אלע שיינע, גוטע אונ פרומע אייניקלעך פון אברהם, יצחק ויעקב נישט קענען טאקע פארשטעהן יעדעם ליעדעלע דיערם אזויא, וויא מאן האט עס פאר זייא געשריבען....



אונ נאכזינגען אזויא, וויא דער שרייבער האט דאס טאקע געמיינט.... נאר אהן פשט, נאר מיט א געוועהנליכען געזונדען פערשטאנד, אונ מיט א פרעהליך, קלאהר־הילכענדיגגם קעלכיל, מיט א אונבעזארגטער, פרייליכער געמיטה אונ א צופריעדען רוהי־געם הארץ, לעבען אונ זינגען, אזלייט אונ גאט זאלין פון זיי אלע טאקע הנאה האבען אונ נחת קלייבען? .... א־יא, ליעבע ברידערליך אונ שוועסטערליך, דאס וואלט טאקע גוט געוועזען? נוא, לאמיר האפען, אז עס וועט קומען אויך אזא צייט אי"ה, אונ מיר וועלין טאקע אלעם, אלעם פארשטיין מיט א פאלעם געזונדען פערשטאנד, אונ וועלין אויך זיין מיט אלע גלייך ... נאר אזוי ווי דאס איז נאך ניט אזוי נאהינט, וויא מיר רעכענען .... מוזען מיר דערוויל, אום דיא שלעכטע צייט צו פערטרייבען, זיך צייגוויעגען מיט זיסע חלומות אונ איינזינגען מיט שיינע ליעדעלעך ... זינגט יודעלעך, זינגט. א"נ לאז אייך וואויל בעקומען......

דער הערויסגעבער.

אדעססא, כ"ח אדר ראשון 1819 לגלותינו.

# אינהאלט.

---

---

# I.

## וָואס טְהוּט מֶען נִישְׁט צוּלִיעבּ פַּרְנָסָה.

1.

מֶען דַארְף נִישְׁט הָאבֶּען קֵיין פַּארְאִיבֶּעל
אוֹיף דֶעם יוּדֶעלֶע, וָואס גֶעלוּסְט נָאךְ גֶעלְד ;
צוּלִיעבּ דֶעם גִילְדֶען, צוּלִיעבּ דֶעם רוּבִּיל,
וָואס טְהוּט מֶען דֶען נִישְׁט אוֹיף דֶער וֶועלט.
מֶען טְהוּט אַללֶעם אִיבֶּער דֶעם כּוֹחַ,
אַבִּי צוּ הָאבֶּען הַכְנָסָה;
מֶען דְרֵייט, מֶען שְׁווִינְדֶעלט, מֶען נַארט אָבּ אוֹיךְ ;
וָואס טְהוּט מֶען דֶען נִישְׁט צוּלִיעבּ פַּרְנָסָה?!...

2.

אֵיינֶער גֵייט אַרוּם נָאר פּוּסְט,
אוּן אִיז אַ קָאכְלֶעפֶּעל אִיבֶּערַאלל;
אֵיינֶעם מַסֶרְ'ת עֶר נָאר אוּמְזִיסְט,
דֶעם צְוֵוייטֶען זֶעצְט עֶר אִין קְרִימִינַאל.
וִויעפִיעל מֶענְשֶׁען פַּאר אוּמְגְלִיקְט עֶר,
אִיז דֶען דָאס אַ פַיינֶע הַכְנָסָה?
אִיךְ דַארְף אוֹיךְ לֶעבֶּען! עֶנְטְפֶערְט עֶר –
וָואס טְהוּט מֶען דֶען נִישְׁט צוּלִיעבּ פַּרְנָסָה?!

3.

נישט גלייך איינגעטהיילט איז אלסדינג
אויף דער וועלט, איך ווייס, איך ווייס;
איינער פארדיענט זיין ברויד זעהר גרינג,
דער צווייטער, נעבאך, מיט דעם ביטערען שוייס;
איינער זיצט אין טהעאטער צוליינט גאר גרויס,
צו ער האט? צו גיין, הכנסה?
אין דער אקטיאר שמירט זיך פאר איהם אויס —
וואס טהוט מען דען נישט צוליעב פרנסה. —

---

2.

## כפרות שלאגען.

1.

אנגערויש ערב יום כפור,
דער וועגעלע שטופער
שרייט ער דארף אויף כפרות, אונ קיין געלד האט ער נים;
עם לויפען דיא קבצנים
פאר קרימט, פאר שמאכט דאס פנים —
מען לויפט, מען קויפט דיא כפרות, דאס גאנצע
שטעדטיל זידט;



ווען דיא קבצנים זאללען מיך פאלגען, וואלט גיוועזין גוט;
זייא וואלטען געהאט כפרות וואילע, אונ געקאסט
וואלט זייא גיט.
זייא זאללען פארגעסין אין אללעם,
אונ ניט פרעגען קיין שאלות,
אונ אן חאפען דעם דלות ביי דיא הערעלעך דיא זיססע,
אונ זאגין מיט איהם דעם פסוק: זה כפרתי, זה חליפתי,
זה תמורתי,
זה התרנגול ילך פארין קבצנדיל למיתה!

2.

א מעדעלע א שיינס,
א ארעם, א געמיינס
דארף נעביך האבין א כפרה, אונ קיין געלד האט זיא נים;
פאלט זיא אויף א שכל
מיט איהר קינדער מוה'ל:
זיא וועט חתונה האבין פאר איין אלטען, אט דא וועט
זיין א וועלט;
ווען דאס מיידעלע זאלל מיך פאלגען, וואלט גיוועזין גוט;
זיא וואלט געהאט א כפרה א וואילע, אונ קאסטען
וואלט איהר ניט.
אזוי וויא זיא וועט נאר דאס געלד דערשנאפען, —
ביא דעם אלטעטשקין דערטאפען,
זאלל זיא איהם אויך אנחאפין וויא א כפרה א מיאוס'ע,

אונ מִיט אִיהם זָאגִין דֶעם פָּסוּק: זֶה כַּפָּרָתִי, זֶה חֲלִיפָתִי,
זֶה תְּמוּרָתִי. —
זֶה הַתַּרְנְגוֹל יֵלֵךְ פַארִין קַאבְּצִינְדִיל לְמִיתָה! ... —

3.

אֵיינֶער הָאט אַ וַוייבּ אַ צָרָה,
זִיא שְׁרַייט: בְּרֶענְג מִיר אַ כַּפָּרָה,
אונ דָא הָאט עֶר קֵיין גֶעלד צוּ קױפִין, אונ קֵיין תֵּירוּץ
טָאהר נִיט זַיין;
זִיא שְׁרַייט: אַ כַּפָּרָה בְּרֶענְג מִיר,
וֶוען נִיט וֶועט זַיין—וֶועה דִיר,
מָארְגֶען מוּזְט דוּא מִיךְ שוֹין גֶט'ין,—אוֹים! בִּיזט נִיט
מֶעהר מַיין מַאנן!
וֶוען דֶער מַאנן זָאלל מִיךְ פָאלְגֶען, וָואלט גֶעוֶועזִין גוּט,
עֶר וָואלט גֶעהַאט אַ כַּפָּרָה אַ וָואילֶע, אונ קָאסְטֶען
וָואלט אִיהם נִיט.
עֶר זָאלל צוּגֶעהען צוּם וַוייבֶּעל,
גַאנְץ שְׁטִילל וִויא אֵיין טַייבֶּעל,
אונ זָאלל זִיא אָן חַאפֶּען בַּיים הַייבֶּעל אונ בַּייא דִיא
הֶערֶעלִיךְ דִיא זִיסֶּע,
אונ מִיט אִיהר זָאגִין דֶעם פָּסוּק: זֶה כַּפָּרָתִי, זֶה חֲלִיפָתִי,
זֶה תְּמוּרָתִי, זֶה הַתַּרְנְגוֹל יֵלֵךְ לְמִיתָה!....—

---



3.

# דִיא וֶועלְט הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט.

1.

טְפוּי, צִינ'־אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהר!
אִיךְ קֶענן דָאס גָאר נִיט פַארשְׁטֶעהן:
דִיא וֶועלְט אִיז גֶעוָוארֶען אַנדֶערש גָאר.
זִיא אִיז גִישְׁט—וִויא זִיא אִיז גִיוֶועהן.
וָואס אַ מָאל אִיז גֶעוֶועהן מִיאוּס,
אִיז הַיינט גָאר שֶׁעהן;
אַמָאהל אִיז גִיוֶועהן צוּקֶער־זִיעסס,
הַיינְט פַאללֶען אַרוֹים דִיא צֵיין.
נָא, זָאגְט־שֶׁע, זָאגְט־שֶׁע, אִיהר אַללֵיין:
צוּ הָאט אִיהר דָאס גִיהֶערְט?
אִיךְ קֶענן דָאס חָלֶעבֶּען גָאר נִישְׁט פַארשְׁטֶעהן,
דִיא וֶועלְט הָאט זִיךְ אִיבֶּערגִיקֶעהְרְט!...

2.

דָאס אִיז אוֹיךְ יֶעדֶען גוּט בֶּעקַאנְט:
דֶער אָרִימַאנן הָאט גֶעהַאט דֶעם קָאפּ וואוּ צוּ לֵייגֶען;
עֶר הָאט גֶעהַאט בֶּעט־גֶעוַואנד,
פֶעדֶערִין אַ פֶערְגֶענִיגֶען.

היינט האט פאריז אויס-געקלעהרט מיטלען
נאר עפּעס אזוי:
דיא דאמען שטעקען דיא פעדערין אין דיא היטלען,
און שלאפען, נעבאך, אויף שטרוי.
נא זאגט-שע, זאגט-שע, איהר אליין,
צו האט איהר דאס גיהערט?
איך קענן דאס חלעבען נאר נישט פארשטעהן —
דיא וועלט האט זיך איבערגיקעהרט!...

3.

א פאלשע פרוי האט מען פיינד געהאט,
דאכט זיך דאס אללע ווייססען;
פון א שווארצע מויד איז מען אנטלאפען ווייט,
„ציגאנקע" האט זיא געהייססען.
היינט וועט איהר געפינען אין יעדע שטוב
א פאלשע פרוי, א קאקעטקע,
מען האט שוין היינט א קאקעטקע ליעב
זיא הייסט שוין נאר „בראנעטקע"
נא זאגט-זשע...... א. ז. וו.

4.

דיא וועלט איז געווארען איבער-געביטען,
מיר מאגען זיך אללע שעהמען;
אפילו דיא „עססענס" האבען געליטען,
זייא האבען בעקוממען אנדערע נעמען.



דאס ווארט „קוגיל" איז געווארען ניט מאוס,
„שטרודיל" הייסט עס גלאט,
וואס אונזערע באבעס האבען גערופען צימעס
הייסט עס היינט „קאמפּאט"
נא זאגט-זשע; זאגט-זשע .... א. ז. וו.

5.

אמאהל האט מען נאר דעם „דלות" געזעהן
אין ארעמע הייזלעך, אין קליינע,
און דאס „עשירות" איז געוועהן
אין רייכע צימּמערן, אין פיינע.
היינט וועט איהר דעם „דלות" געפינען,
וואו מעביל איז מיט סאמעט בעשלאגען,
פיאנא שפּיעלט מען—טרערען רינען;
מען איז הונגעריג—מען שעמט זיך צו זאגען.
נא זאגט-זשע, זאגט זשע איהר אליין:
צו האט איהר דאס גיהערט?
איך קענן דאס חלעבען גאר נישט פארשטעהן,
דיא וועלט האט זיך איבערגיקעהרט!...

~~~~~~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~~~~~~

4.

## שַׁבָּת מַאכֶען.

1.

מַאן רוישְׁט—מַאן לויפְּט,
מַאן הַאנְדֶעלט—מַאן קוֹיפְט,
פְרַייטָאג לְכָבוֹד דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת.
דֶער שַׁבָּת מוּז זַיין בְּרֵייט,
בַּייא יֶעדֶען אָנגֶעגְרֵייט,
וָוער שְׁמוּעסְט נָאךְ בַּייא דִיא דְרַאבֶּעס.
זָעהט אִינ׳ם מַארק, וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ דָארט,
עֶר אִיז מִיט וַוייבֶּעלֶעךְ פוּ״ל.
כַאן שְׁרַייט אויף אַיְעדֶען אָרט,
מֶען קֶענְן אַזְשׁ וָוערֶען דולל.
דֶער קַצָּב שְׁרַייט: גֶעוָואלְד!
אָט גִיעב אִיךְ אַייךְ פְלֵייש בַּאלד,
הֶערְט אויף צוּ שְׁרַייעֶן אוּנ צוּ פְרַאבֶען!
(שריים אבער א יודענע) מַאן דַארְף דָאךְ שַׁבָּת, שַׁבָּת
שַׁבָּת; מַאן דַארף דָאךְ שַׁבָּת מַאכֶען! (ב״סס)

2.

דָאס חָסִיד׳ל אִיז פְרוּם,
דָאס וַוייסְט מַאן אוּמֶעדוּם,



עֶר שְׁטִיפְט נִיט; עֶר לַאכְט נִיט—סְ׳אִיז קֵיין חִידוּשׁ.
שַׁבָּת קוּקְט אִיהם אָן:
וַויא עֶר זִיצְט זִיךְ אויבֶּען־אָן,
פְרֵיילִיךְ נָאךְ דֶעם קִידוּשׁ;
עֶר זִינְגְט ״כָּל מְקַדֵּשׁ״ מִיט גְרוֹ׳ס פְרֵייד,
אוּנ דָאס וַוייבֶּעלֶע זִיצְט אויךְ בַּיים טִישׁ,
גֵייט עֶר צוּ אִיהר שְׁטִילֶערְהֵייט
אוּנ חַאפְּט פוּן אִיהר אַ קוּשׁ.
דָאס וַוייבֶּעלֶע שְׁרַייט ״וֶועה אִיז מִיר״,
וַויא קוּמְמְט דָאס צוּ דִיר
מָאג מַאן דֶען טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען?
(זאגט זיך דאס חסיד׳ל) מַאן דַארְף דָאךְ שַׁבָּת, שַׁבָּת
שַׁבָּת; מַאן דַארף דָאךְ שַׁבָּת מַאכֶען! (ב״סס)

3.

רֶעבֶּעניָא אוֹי! שְׁרַייט אַ מַאמֶע אַזוֹי! —
—אוּנ דֶערְצֶעהלְט וָואס פַאר אֵיין אוּמְגְלִיק אִיהר טָאכְטֶער
הָאט גֶעטְרָאפֶען: —
פְרֵייטַאג גַאנְץ פְרִיא, נָאךְ הֵייוֶוען אִיז זִיא
אִין מַארְק אַרַיין גֶעלָאפֶען;
אַ גְלִימְשׁ אִיז פָארְט גֶעוֶועהן
אִיז זִיא נֶעבַּאךְ גֶעפַאלֶען,
רֶעבֶּעניָא, אִיהר זָאלְט זִיא זֶעהן,
וַויא זִיא אִיז גֶעשְׁוָואלֶען!

רעבעניא , איהר אליין
מוזט מיר געבען צו פארשטיין ,
איהר ווייסט דאך פון וואנען עס קוממען אזעלכע זאכען ?!
(ואנם דער רבי) דאס קומט פון שבת, שבת שבת, דאס קומט
פון שבת מאכען . (ביסם)

---

## 5.

## פיר דעם רובל .

1.

א פארוואָרפען יודעלע בין איך
אוים געדארט אונ ניט געזונד ,
אין קעשענע געפינט זיך א רוח ,
וואס טהוט מאן מיט ווייב אונ קינד ?

(ביסם)
געפין איך מיר א מיטטעל : (מוזיק)
פאר דעם פריין דאס היטטעל .
האט מיר קיין פאראיבעל ,
דאס איז פיר דעם רובעל !

2.

מאן יאגט מיך , מאן שלאגט מיך תמיד .
איך בין שוין זעהר מיעד ,



ווער איך א חזן פאר דעם עמוד ,
חאטש דאווענען קענן איך ניט .

(ביסם)
דער עולם איז פון אייזען —
נאט אייך א חזן ,
האט מיר קיין פאראיבעל ,
דאס איז פיר דעם רובעל !

3.

א שניידער צו זיין איז זעהר גרינג .
אבי דיא נאדעל אין דער האנד
ווערט ער באלד א וואילער יונג .
אונ פרעסט אליין געוואנד .

(ביסם)
פרעגט וואס קענן איך —
אז איך פרעם — פארברען איך .
האט מיר קיין פאראיבעל
דאס איז פיר דעם רובעל , ;

4.

א אדוואקאט צו זיין איז גאר קיין קונץ .
א בי דעם פארטפעל אין דער האנד
מאכט ער שוין דאס ביססעל מינץ ;
איבעראלל ווערט ער בעקאנט

(ביסם)
דעם פראצעס פארשפיעלט ער ,
אונ געלד נעמט ער .

(הָאט מִיר קֵיין פַּארְאִיבֶּעל
בִּיסס (דָאס אִיז פִּיר דֶעם רוּבֶּעל

---

6.

## חַד־גַּדְיָא.

1.

דָאס יוּדֶעלֶע וַואשְׁט זִיךְ מִיט דֶעם פֶּסַח; עֶר לוֹיפְט,
עֶר קוֹיפְט — אַ גֶעוַואלְד!
עֶר מֶעג יָא הָאבֶּען, עֶר מֶעג נִיט הָאבֶּען — מוּז עֶס
וֶוערִין בֶּעשַׁאפִין בַּאלְד!

עֶס אִיז אָבֶּער אַ תַּעֲנוּג מִיט אוּנְזֶערֶע יוּדֶען,
אַז עֶס קוּמְט דִיא סֵדֶר־נַאכְט:
אָן אַלֶע צָרוֹת פַארְגֶעסְט מַאן. אוּנ מַאן אִיז צוּפְרִידֶען.
מַאן זִינְגְט, מַאן הוּלֶיעט אוּנ מַאן לַאכְט;
וִויא אַ מֶלֶךְ קְרִיעכְט עֶר אַרוֹיף אוֹיף דֶעם הֶעסֶעבֶּעטט,
אוּנ נֶעמְט אַרוּם דִיא מַלְכָּה אוּנ טְהוּט אִיהר אַגְלֶעט. —
לִיעגְט עֶר צוּ שְׁפְּרֵייט
אוּנ זִינְגְט מִיט פְרֵייד "חַד־גַּדְיָא"!
מִיט אַרֵיינֶעם מוֹחַ
זִינְגְט עֶר הוֹיךְ "חַד־גַּדְיָא"!
וֶוער אִיז אִיהם גְלַייךְ



נִישְׁט אָרֶעם, נִישְׁט רַייךְ "חַד־גַּדְיָא"!
אוּנ דָאס וַוייבֶּעלֶע־זִיא
זִינְגְט אִיהם צוּ — "חַד־גַּדְיָא":

2.

דֶער רֶבִּי אִיז פַארְטְרַאגִין אִין זַיינֶע דְרָכִים — וָואס
וַוייסְט עֶר פוּן אַ וֶועלְט!
צוּ לִיעגֶען אִין הִימֶעל אוּנ חַאפֶּען מַלְאָכִים —
דֶערְצוּ אִיז עֶר גֶישְׁטֶעלְט?
עֶס אִיז אָבֶּער אַ תַּעֲנוּג מִיט אוּנְזֶער רֶבִּין,
אַז עֶס קוּמְט דִיא סֵדֶר־נַאכְט:
אָן אַלֶע צָרוֹת פַארְגֶעסְט עֶר, אוּנ אִיז צוּפְרִיעדֶען,
אוּנ זִינְגְט אוּנ הוּלֶיעט, אוּנ לַאכְט;
מִיט דִיא וַוייסֶע שִׁיךְ אִין זֶעקֶעלֶעךְ קְרִיכְט עֶר
אַרוֹיף אוֹיף דֶעם הֶעסֶעבֶּעטט
אוּנ נֶעמְט אַרוּם דִיא כְּשֵׁרָה מַלְכָּה אוּנ גִיט אִיהר
אַגְלֶעט.

עֶר לִיעגְט צוּ שְׁפְּרֵייט
אוּנ זִינְגְט מִיט פְרֵייד — חַד־גַּדְיָא"!
מִיט אַרֵיינֶעם מוֹחַ
זִינְגְט עֶר הוֹיךְ — חַד־גַּדְיָא!
וֶוער אִיז אִיהם גְלַייךְ
נִישְׁט אָרֶעם, נִישְׁט רַייךְ — "חַד־גַּדְיָא!

אִיז דִיא רֶבֶּצִין — זִיא
זִינְגְט אִיהם צוּ — חַד־גַדְיָא !

3.

דֶער בַּעַל־עֲגָלָה הָארֶעוֶועט אַגַאנְץ יָאהר וִויא
אַ פֶערְד ,
וָואס וֵייסְט עֶר פוּן אַ וֶועלְט ;
שְׁטֶענְדִיג לִיעגְט עֶר פַארְקָאפֶּעט אִין דֶער עֶרְד
אִין שְׁנֶעע אִין רֶעגֶען אִין קֶעלְט · —
עֶס אִיז אָבֶער אַ תַּעֲנוּג מִיט דֶעם בַּעַל עֲגָלָה ,
אַז עֶס קוּמְט דִיא סֵדֶר—נַאכְט :
אָן אַלֶע צָרוֹת פַארְגֶעסְט־עֶר אוּן לֶעבְּט וִויא
אַ שְׂרָרָה
אוּנ זִינְגְט אוּנ הוּלֶיעט אוּנ לַאכְט ;
מִיט דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטִיעוֶועל קְרִיעכְט עֶר אַרוֹיף
אוֹיף דֶער הֶעסֶע־בֶּעטט
אוּנ גֶעמְט אַרוּם דִיא מַלְכָּה אוּנ גִיט אִיהר אַ גְלֶעט —
עֶר לִיעגְט צוּ שְׁפְּרֵייט ,
אוּנ זִינְגְט מִיט פְרֵייד : וְיָא ! — ׳חַד־גַדְיָא !
מִיט דֶעם גַאנְצֶען כֹּחַ .
שְׁרַייט עֶר הוֹיךְ : וְיָא ! —„חַד־גַדְיָא“ !
וֶוער אִיז אִיהם גְלַייךְ ,
נִישְׁט אָרֶעם , נִישְׁט רַייךְ : וְיָא ! — חַד גַדְיָא׳ !



אוּנ דִיא זְשָׁאנֶקֶע — זִיא —
הֶעלְפְט אִיהם צוּ : וְויָא ! — חַד גַדְיָא !

~~~~~~~~~~

7.

# מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כּוֹחַ .

1.

וֶוער עֶס וִויל הָאבֶּען כָּבוֹד אוּנ גֶעלְד
זָאל נָאר צוּם רֶבִּ׳ן פָאהרֶען ,
דָאס וֵוייסְט ־ יֶעדֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט
וֶוער נָאר צוּם רֶבִּ׳ן טְהוּט פָאהרֶען · —
וִויפִיעל הָאבֶּען גֶעפָאלְגְט אוּנ אַזוֹי גֶעטְהוּן , —
מִיט פִּדְיוֹנוֹת צוּם רֶבִּ׳ן גֶעיָאגְט ,
הָאט עֶר זִיךְ נָאר אַ קְנֵייטְשׁ גֶעטְהוּן
אוּנ הָאט זֵיי צוּ גֶעזָאגְט :
פָאהרְט מִיט בְּרָכָה — מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כֹּחַ ;
אִיהר וֶועט הָאבֶּען הַצְלָחָה — מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כֹּחַ !
דָאס זָאג אִיךְ אַייךְ ,
אַז אִיהר וֶועט זַיין רַייךְ — מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כֹּחַ ;
דָאס הָאבּ אִיךְ אַלֵיין גֶעזֶעהן — מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כּוֹחַ ,
~~~~~~~~~~

פוּן דִיא סוֹחֲרִם אַלֵיין — מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כּוֹחַ,
אַז מֶען הָאט זֵיי צוּ גֶענוּמֶען דִיא מְזוּמָנִים,
זַיינֶען זֵיי גֶעבְּלִיבֶּען גְרוֹיסֶע קַבְּצָנִים
מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כֹּחַ. —

2.

וֶוען אַ גַנָב ווִיל זַיין גֶעשֶׁעפְּט זָאל גֶעהֶען;
עֶר אוֹיךְ צוּם רֶבִּי׳ן פָאהרְט.
דֶער רֶבִּי נֶעהמְט אִיהם אוֹיף גַאנְץ שֶׁעהן,
וַוייל עֶר צוּם רֶבִּי׳ן פָאהרְט.
אוּנ וֶוען עֶר גִיט אִיהם אַ פִּדְיוֹן נָאךְ,
דָאס טְהוּט אִיהם אַ בְּרִיא;
גִיט עֶר זִיךְ בַּאלְד פַאר אִיהם אַ בְּרָאךְ,
אוּנ וִוינְשְׁט דֶעם גַנָב צוּ:
גֶעה, גֶעה אָן מוֹרָא — מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כּוֹחַ,
אָהן מָרָה־שְׁחוֹרָה — מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כּוֹחַ,
מֶען וֶועט דִיר נִיט שְׁטֶערֶען.
וִוא דוּא וֶועסְט זִיךְ קֶעהרֶען — מִיט דֶעם רֶבִּינְס כּוֹחַ!
דָאס הָאבּ אִיךְ אַלֵיין גֶעזֶעהֶען — מִיט דֶעם
רֶבִּינְ׳ס כּוֹחַ,
פוּן דֶעם גַנָב אַלֵיין — מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כּוֹחַ,



אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעחַאפְּט,
הָאט מֶען אִיהם גוּט דִיא בֵּיינֶער צוּקְלַאפְּט.
מִיט דֶעם רֶבִּינְ׳ס כּוֹחַ.

3.

וֶוען אֵיינֶע הָאט קֵיין קִינְדֶער גָאר.
זִיא אוֹיךְ צוּם רֶבִּי׳ן פָאהרְט.
דָאס וֵויסְט אַ יֶעדֶער קְלָאהר
וֶוער נָאר צוּם רֶבִּי׳ן פָאהרְט.
אוּנ וֶוען זִיא בַּייא אִיהם אַ קְדִישׁ בֶּעט
אוּנ טְרֶעט נִישְׁט אָפּ מִיט גֶעוַואלְד,
אַבִּי זַיין פִּדְיוֹן אִיז אָנְגֶעגְרֵייט
זָאגְט עֶר צוּם וַוייבֶּעלֶע בַּאלְד:
הָאבּ קֵיין מוֹרָא נִיט — מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כּוֹחַ,
עֶס וֶועט זַיין גוּט — מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כּוֹחַ,
קוּמְס אַללֶע מָאהל אַהֶער
מִיט אַ פִּדְיוֹן מֶעהר — מִיט דֶעם רֶבִּינְס כּוֹחַ!
דָאס הָאבּ אִיךְ אַלֵיין גֶעזֶעהְן — מִיט דֶעם
רֶבִּינְס כּוֹחַ!
פוּן דָאס וַוייבֶּעלֶע אַלֵיין — מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כּוֹחַ,

עָס הָאט נִישְׁט גֶעדוֹיעֶרְט קַיין יָאהר,
הָאט זִיא גֶעהַאט אַ קַדִישׁ גָאהר
„מִיט דֶעם רֶבִּי׳נְס כּוֹחַ“.

---

8.

## תַּשְׁלִיך.

1.

מִיט אַטלאס אוּנ רַאצְעמָארֶע,
מִיט וַוייסֶע שִׁיךְ אוּנ זָעקֶעלֶעךְ,
גֶעהֶען צוּם תַּשְׁלִיךְ יוּדֶען, אָן עַיִן־הָרַע,
אוּים צוּ שָׁאקְלֶען זֵייעֶרֶע בְּרֶעקֶעלֶעךְ.
אַנְ׳עֶק פוּן דִיא אַלְטֶע זִינְד,
וָוארוּם דִי נַייֶע קוּמֶען אָן גֶעשְׁווִינְד.
אָט דָאס נֶעהמֶען זֵיי זִיךְ אַלֶע גוּט אִין קָאפּ אַרַיין:
*) אי״ה נָאךְ יוֹם־טוֹב וֶועט שוֹין רֶעכְט זַיין. —

---

*) אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם.



2.

אוּים גֶעפּוּצְט מִיט שֵׁיינֶע הַייבֶּעלֶעךְ,
יוֹם־טוֹבְ׳דִיג־שֶׁעהן אוּים גֶעקְלֵיידְט,
גֶעהן צוּם תַּשְׁלִיךְ יוּדֶעשֶׁע וַוייבֶּעלֶעךְ
אוּנ וַוארְפֶע אֵיינֶעלֶעךְ אוֹיף יֶענֶערְס קְלֵייד.
דִיא אִיז מְקַנֵא דֶעם שִׁינְיָאן
אוּנ דִיא צְווֵייטֶע — דֶערְ׳ס פַּאסָאן;
אָט דָאס גֶעהמֶען זֵיי זִיךְ אַלֶע גוּט אִין קָאפּ אַרַיין:
*) אי״ה נָאךְ יוֹם־טוֹב וֶועט שוֹין רֶעכְט זַיין. —

3.

דָאס פָּנִים פַארְזָארְגְט, דִיא נְשָׁמָה־זִינְדִיג,
אַזוֹי פִיהרְט מֶען זִיךְ הַיינְטִיגֶע צַייט;
דָארְט בְּלָאזְט מֶען גֶדֶר׳ס אַזוֹי וִויא אֵיין אִינְדִיק
אוּנ מֶען וַוארְפְט אֵיינֶעלֶעךְ אוֹיף יוּנְגֶע לַייט;
אוּנ דִיא וָואילֶע יוּנְגֶען
פַארְשְׁטֵייעֶן שוֹין זֵייעֶר ווִינְקֶען,
אָט דָאס נֶעהמֶען זֵיי זִיךְ אַלֶע גוּט אִין קָאפּ אַרַיין:
*) אי״ה נָאךְ יוֹם־טוֹב וֶועט שוֹין רֶעכְט זַיין. —

---

*) אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם.

9.

## נאך דעם נייעסטען זשורנאל.

1.

איך וויל נישט קיינעם הערען,
איך געה מיר מיט מיין כלה:
נאך צו טאנצען איז מיין לעבען
דעם נייעסטען זשורנאל.
יונג ביזט דוא, מן הסתמא,
עס זאל דיר נישט טהון באנג
אזוי האט מיך מיין טאטע־מאמע
געווארינט שוין פון לאנג:
פיהר זיך נאך דער אלטער וועלט
דיא נייע־איז פאלש און פארשטעלט;
ווען דיר וועלין רייסען דיינע סטרונעס
און עס וועט דיר אויסקומען שלעכט,
זאלסט דיר דערמאנען אן דעם נגון פון קינות
ועסט דוא זעהן אז איך האב רעכט.
אוי! — אוי! — אוי.
און אז דוא וועסט נישט דיינע עלטערן הערען,



און דוא וועסט דיך פיהרען מיט דיין כלה,
וועסט דוא, טאכטער, פארשווארצט ווערין
„נאך דעם נייעסטען זשורנאל“!

2.

איך האב מיר גאר ניט געהאט אין זינען,
איך בין מיר געגאנגען מיט מיין כלה:
איך האב מיר א חתנ'דיל געפונען
נאך דעם נייעסטען זשורנאל.
זיינע פיעסעלעך פלעגען אויסטיפען
א שאהנעם וואלצער־טאנץ,
און זיינע שטיעוועלעך פלעגען סקריפען,
ווען ער האט געמאכט דעם רעווארואנס;
הענטשקעלעך גאר ווייס — וויא שנעע,
אויף דער נאז א גאלדענע פענסנע; *)
מיט זיינע קאמפלימענטען האט ער מיינע אויערען
אן געדולט אן א שיעור,
און האט מיר הייליג צו געשווארען,
אז ער איז נור פארליעבט אין מיר. אוי! אוי! אוי!
און נאך דער חתונה, אז ער איז געווארען מיין מאן

---

*) בריללען.

האט זיך ארויס געוויעזען אזא פאלל:
אוי! איז דאס א שארלאטאן
נאך דעם נייעסטען זשורנאל! — .

3.

אז ער פלעגט זיך פאר מיר בוקען
כלה'ווייז נאך פריהער,
פלעגט ער מיר צוזאגען גליעקען,
גליקען גאר אהן א שעור:
איך וועל דיר קויפען דיא טהייערסטע זאכען
ביי א יוועליר אין קלייט,
אין דעם גרעסטען מאגאזין וועל איך דיר מאכען
דאס שעהנסטע מאדנע קלייד;
איך וועל דיר קויפין א טואלעט
אונ א הוט ביי דער מאדאם זשאנעט,
אונ סויביל אונ פוטער
וועל איך אנהוילען דיין לייב,
דאס אלעס וועל איך דיר מאכען שפעטער,
אז דוא וועסט שוין זיין מיין ווייב. — אוי! אוי! אוי!
נאך דער חתונה, אז איך האב געזוכט די אלע
זאכען



ענטפערט ער מיר גאר אהן א נאל:
יא, ווייבוניו! תכריכים וועל איך דיר שוין מאכען
נאך דעם נייעסטען זשורנאלי. —

4.

ווער האט געקענט גאר וויסען,
אז אזא רייכער העררֿ,
וואס מיט געלד האט ער געשמיעסען,
וויא איין מיליאנער.
ער — זאגט ער — איז אויסגעפאהרען
גאר א האלבע וועלט;
אין אלע בענק, אונ קאנטארען
ליעגט איין געלייגט זיין געלד.
איך וועל דיר באזעטצען אין א פאלאסט,
אונ דיא גרעסטע לייט וועלין קומען צו גאסט;
דיא בעסטע שפייזען וועלין מיר געניעסען,
מיר וועלין מאכען בעללער א סך,
אונ שאמפאניער וועלין מיר גיעסען,
גאר ווי וואסער גלייך. אוי! — אוי! אוי!
אונ נאך דער חתונה, אז איך האב געזוכט
דאס אלעס

דעם שאמפאניער מיט דעם באלל:
אוי! האב איך געפונען א גרויסען דלות
„נאך דעם נייעסטען זשורנאל! —

---

10.

## נאך דער לעצטער מאדע:

1.

א יעדער ווייסט פאר וואס אין דער היינטיגער
וועלט.

געהען שלעכט דיא גישעפטין,
ווייל האבען — האט מען — ווייניג געלד
און מען האנדעלט איבער דיא קרעפטין;
איבער דיא קרעפטין מוז מען שטרעבען:
שעהן קליידען, שעהן וואהנען — א ודאי
איבער דיא קרעפטין מוז מען לעבען
„נאך דער לעצטער מאדע“.



2.

אז ס'איז שלעכט טאהר מען זיך נישט בעקלאגען,
נאר פארבלענדען יענעם דיא אויגען, פארשמיערען.
מיט דעם מאג מען געטרויען, וועט מען איך זאגען;
א קלייניגקייט זיין פיהרען,
זיין וואהנען, זיין קליידען, זיין עסען, זיין אלעס.
אי! דעם סוד ווייסען זיי נישט א ודאי,
אז אין דער קאסע פייפט דער „דלות“
„נאך דער לעצטער מאדע“.

3.

אויף שבת איז א מצוה צו בארגען,
דאס פאסקינט אפילו דער דין.
ביים סוחר איז א יעדער שבת מארגען,
ווייל ער האלט אין איין לייען.
און אז דער ליעבער שבת־קודש פארגעהעט
און דיא בעלי־חובות רייסען דיא הויט, א ודאי,
מאכט ער „הבדלה“ ביי זיך אין קלייט
„נאך דער לעצטער מאדע“.

4.

איך האב א ווייבעלע -- א פראסטען שלוש-סעודות
געזונד, פאנאטיש און ערהליך,
נאר צייט זיא האט דערשמעקט , אז זיא איז
אנגידות
רעדט זיא נאר דייטש און איז קראנק געפעהרליך.
אך ! קראמפפע! מיגרעען! רעוומאטיזם!
וואס דיא ווערטער בעדייטען ווייסט זיא נישט אוודאי.
נאר קרענקען — זאגט זיא — איז אבער פארט א מוז
נאך דער לעצטער מאדע". —

5.

וואס איז ווייטער אלע טאג פאר א קלייד א נייעס?
א דאס איז „מאדע" שעהנער, געשאצטער;
נא, און דער שיניאן מיט דיא ווילדע חיות?
א דאס איז דער פאסאן, דער לעטצטער.
און פריוווט זאגען דער קוגעל-דייטש-דאמע,
אז דאס איז איין אויסברייננגעריי אוודאי,
וועט איהר חאפען; אין דער מאמעס מאמע
נאך דער לעטצטער מאדע".



6.

נאך אויסלאנד, בעדער אין איין שטיק!
שטייטש! דוא האסט דאך דא א באד אין
העכסטען גראד,
מיט בעזעמלעך גאר א-ני-אנטיק!
חאטש לאפניע נאר מאריענבאד.
אויב זיא האט שוין דארטין א רפואה גראד,
וייל שעהנע יונגע לייט זיינען דארט דא אוודאי
אוי מענער! מענער! פיהרען דיא פרויען אונז
אין באד
נאך דער לעטצטער מאדע"

7.

מיין טאכטעריל קנייטשט זיך שוין אויך אויף דייטש,
אין קליידען נאך דעם לעצטען פאסאן;
איין היטכען א-לא „ביסמארקאטש"
איין יאקקען א-לא „מאק-מאהאן".
אויף וואס מען לייגט דאס קליינע מוחיל! —
און „מאדמואזעל" הייסט זיא זיך רופען אוודאי.

אין זיא נעהמט פארדריפעט, זייט מיר מוחל,
נאך דער לעצטער מאדע" . --

3.

הערט וואס א קינד קען אין היינטיגע צייטען:
פאפא! וואס איז? אונ לאזט אראפ די נאז,
איך בין פערליעבט; נא א גדולה אויף דיין טאטען.
טאמער ווייסט איהר, וואס הייסט דאס?
פערליעבט, פערלאבט, אט דאס איז שעהן;
נא קאן מען נישט לאפנען פון דעם אודאי,
אז תנאים שרייבט מען שוין אויך אליין
נאך דער לעצטער מאדע".

3.

איך וואלט זיא אנגענומען פאר די צעפ.
נעהמט זיא אבער געשוירען;
איך וואלט איהר געגעבען א פאר אלט-מאדישע
קלעפ.



וועל איך זיא נישט זעהן, וויא איך זעה נישט
מיינע אויערען;
איך דארף אייך נישט, איך וועל מיר געהן דיענען,
איך בין נישט אבהענגיג אודאי,
איך קען מיר מיין ברויט, זאגט — זיא, פארדיענען
נאך דער לעצטער מאדע".

10.

אונ אז עס וועט קומען די רעכטע צייט,
וואס איך וועל קיין געזונד, קיין געלד נישט האבען,
אז מען וועט מיך דורך מיין מאדנע קלייט
אלא-מאדע אין דער ערד בעגראבען.
מיינט איהר, אז מיין פאמיליע וועט שטארק נאך
מיר קלאגען?
חלילה! דא הייבט זיך ערשט אן א שמחה אודאי
כסייטש, טרויער-קליידער וועט מען דאך דארפען
טראגען
„נאך דער לעצטער מאדע".

11.

נאר דערפאר וועל איך זיי אפטהון אויף א'נאנדער
אופן,
נאר איהר זאלט זייא נישט דערציילען,
אז נאך מיין טוידט וועלין זייא זיך צונויף לויפען
מיט דער ירושה זיך איינטהיילען,
מיט מיין געלד וואס איך האב אנגעהארעוועט
פריעהער,
מיט מיינע גימטער אודאי,
יא! „חובות“ וועלין זייא אבער מוזען צאהלען
פאר מיר
„נאך דער לעצטער מאדע“



II.

## לכה דודי.

1.

לכה דודי, דאס ליעדעל איז זעהר שעהן·
לכה דודי, זינגט היינט פון גרויס ביז קליין·
דאס ליעדעל איז אלט און נייא איז דאס דאך,
מען זינגט עס אפילו אין מיטען דערוואך;
דער טייטש דערפון: קומם פעטער, זייא אזוי גוט,
דאס הערט מען פרייטאג ביי יעדען יוד,
אז דיא מלכה־שבת ווינקט, קומם פעטער,
לכה דודי,
דודי, דודי, דודי, לכה דודי, דודי!—

2.

מען האט שוין אבגעגעסען דעם צימעס, דאס
לעצטע געריכט.

אין שטוב איז טונקעל, עס צאנקען דיא ליכט.
דעם יונגען פאר פאלק טרוט א נייער געדאנק
א בליין:
קינדערלעך האבען מיר גענוג, עס פעהלט נאך
צום טוץ,
נא נא! נישט גערעדט.
דאס ווייבעלע שמייכעלט און גיט איהם א גלעט,
קומם פעטער, לכה דודי...
דודי, דודי, דודי, לכה דודי, דודי! —

3.

צו דער שבנה אין לאדען איז פארגאנגען דער מאי,
דאס ווייבעל ווערט געוואהר און לויפט שנעלל
אריין,
דער מאן ווערט דערשראקען און פארענטפערט
זיך באלד.
דאס ווייב מאכט דוקא נישט אן קיין געוואלד,
זיא בעהאלט בייא זיך דעם כעס און שווייגט
גאהר,



און נעהמט איהם לאנגזאם אן בייא דיא האאר;
קומם פעטער, לכה דודי,
דודי, דודי, דודי, לכה דודי, דודי! --

4.

א'נ'אלטע יודענע האט אויך פערגעניגען
פון דעם לכה דודי, דעם פרייליכען ניגון,
חאטש אין דיא יאהרען איז זיא שוין אלט.
פון דעסטוועגען וואלט זיך נאך דעם לכה דודי
הערען געוואלט;
זיא דערמאנט זיך פון דער יוגענד פון א מאהל,
און פון דעם שלאף מאכט זיא אזוי מיט דעם מויל:
קום פעטער, לכה דודי....
דודי, דודי, דודי, לכה דודי, דודי. —

———

12.

## „מען מיינט נישט די הגדה, — נאר די קניידלעך"

1.

איך פרעג די וועלט א גוטע שאלה,
צו איז דאס א חסרון, צו איז דאס א מעלה;
דארט הער איך ריידען אין איינעם, נא,
אזוי איז דאס שפריכווארט אויף דעם ארט שוין דא.
מען זעהט דאס פובליקום אין טהעאטהער געהן;
די אקטיארען שפיעלען, זעהן.

ביסם | איינעם גיפעלט זייער שפיעלען, איינעם די קניידלעך
מען מיינט נישט די הגדה, מען מיינט נאר די קניידלעך.

2.

דארט שפאצירט א באמע פון פופציג יאהר,



און א יונגער מאן דרעהט זיך ארום איהר נאר;
ער מאכט איהר די קאהר פון אללע זייטען,
ער זאגט: ער וועט זיא אויף קיין יונגע נישט פערבייטען.
ח'לעבען איך קען דאס נישט פערשטעהן;
זאלל ער דען קיין יונגע נישט קענען פארדאייען.

ביסם | ער זאגט: ער וועט זיא נישט פארבייטען פאר אללע יונגע מיידלעך,
נאר ער מיינט נישט די הגדה, ער מיינט נאר די קניידלעך".

3.

דארט זעה איך איין אלטען מאן — א יונג־מיידעל געלד געבען,
זיא זאל איהם חאטש אביסעלע ליעבען.
דאס מיידיל איז אבער ביים גאנצען שכל,
און פאר דרייט איהם גוט דאס מוח'יל;
וויא זיא נארט נאר בייא איהם דאס געלד אוים

הַאפְּט זִיא אִיהם אָן בַּיים קַארְק אוּנ וַוארְפְּט אִיהם
אַרוּים ;
דָא הָאט אִיהם גֶעבְּרָאכֶען דִיא אַקְס מִיט דִיא
רֶעדְלֶעךְ ,
עֶר אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען אָן דִיא הַגָדָה , אוּנ הָאט נִישְׁט
קַיין קְנֵיידְלֶעךְ׳ ·

4.

דָער אַקְטְיָאר גֶעהט אוֹיף דֶער בִּיהנֶע שְׁפִּיעלֶען ,
עֶס מֶעג אִין דֶער קַאססֶע נִישְׁט זַיין קַיין גִילְדֶען ·
אַבִּי דָאס פּוּבְּלִיקוּם אַפְּלָאדִירְט *) אִיהם גוּט —
שְׁפִּיעלְט עֶר זַיין רָאלֶיע מִיט מֶעהר אַפֶּעטִיט .
נַאךְ דֶעם שְׁפִּיעלֶען גֶעהט עֶר צוּ דִיא קַאססֶע טַאקע,
אוּנ גֶעפִינְט אִין אִיהר אַ גְרוֹיסֶע מַכָּה
אִיז דֶען דֶער אַפְּלָאז **) פִּיר דֶעם אַקְטְיָאר נִישְׁט
שֶׁעדְלִיךְ ,

---

*) פַּאטְשֶׁען „בְּרַאוָוא״ .
**) דָאס „בְּרַאוָוא־פַּאטְשֶׁען



אַז עֶר הָאט אָבְּגֶעזָאגְט דִיא הַגָדָה אוּנ הָאט נִישְׁט
קַיין קְנֵיידְלֶעךְ׳ ·

---

13.

„וִויא דִיא מָאדֶע אִיז הַיינְט״ ·

1.

וֶוען אֵיינֶער וִויל זַיין פְּלַאן אוֹיספִיהרֶען
זָאלל עֶר נָאר מִיט פַאלְשְׁקֵייט גֵעהן ;
פַאר אַ פְּרִימֶען זָאל עֶר זִיךְ מַאסְקִירֶען ,
כְּדֵי יֶענֶער זָאל נִישְׁט פֶערְשְׁטֶעהן ;
עֶר זָאל מִיט יֶענֶעם נָאר גוּט לֶעבֶּען ,
וִויא דִיא בֶּעסְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד ;
קֶענן עֶר אִיהם בֶּעגְרָאבֶּען חַ׳לֶעבֶּען
„אַזוֹי , וִויא דִיא מָאדֶע אִיז הַיינְט״

2.

דארט הערט מען צוויא סוחרים שמיעסען זיך אפּ,
און געבּען זיך „תּקיעות־כּף“,
אז ווער עס וועט לאזען פונ׳ם פּרייז אראפּ
דער זאל בּעצאהלען שטראף ;
קוים צו געהען זיך דיא סוחרים אוועק ,
הערט איינער דעם צווייטען וויא דיא וואנד ,
פאר „תּקיעות־כּף“ האט מען שוין נישט קיין שרעק
„אזוי, וויא דיא מאדע איז היינט“

3.

צוויא גוטע פריינד זעה איך שטעהן ,
און רעדען זיך דיא הערצער אויס :
מיין כּלה , זאגט איינער , — איז רייצענד שעהן ,
דער צווייטער הערט איהם גוט אויס ;
קוים געהט דער ערשטער אוועק פונ׳ם צווייטינס
אויגען ,



ווערט איהם דער צווייטער גאר א פיינד ;
דיא כּלה קענן פאר מיר בעססער טויגען
„אזוי, וויא דיא מאדע איז היינט“

4.

א חתן ליעבּט זיך מיט א כּלה
פון גאר א לאנגע צייט :
אז ער ליעבּט זיא — שרייט ער פאר אללע,
אפילו צו דער חתונה איז ער שוין גרייט ;
און קוים דערזעהט ער א שעהנערער פון איהר
א ביסעל מעהר בּע׳חנ׳ט ,
ווייזט ער דער ערשטער שוין דיא טהיער ·
„אזוי, וויא דיא מאדע איז היינט“

5.

איינעם געהט זיין געשעפט זעהר גוט ,
און האט א נאמען אויף דער וועלט ;
איבּעראל האט ער קרעדיעט ,

מֶען פֶערלַאנְגְט – פוּן אִיהם גָאר קֵיין גֶעלְד ;
פְּלוּצלוּנְג דֶערזֶעהט עֶר דֶעם סְטְשָׁאט,
וֶוערְט עֶר בְּלֵייךְ ווִיא דִיא וַואנְד ;
אִיךְ וֶועל מוּזֶען מַאכֶען אַ בַּאנְקְרָאט –
„אַזוֹי, ווִיא דִיא מָאדֶע אִיז הַיינְט“

---

14.

**פוּנְקְט צְווֵייא טְרָאפְּפֶען דֶער טַאטֶע׳.**

1.

אִין הַיינְטִיגֶע צַייט וֶוערְד דָאס קִינְד גֶעבָּארֶען
קלֵיין אוּנ שֶׁעהֶען אוּנ אֵיידֶעל, גֶערָאטְהֶען אִין
זַיין אֵייגֶענֶעם טַאטֶען ;
וֶוער שְׁמִיעסְט אַז עֶר קוּמְט אַהֵיים, פֶערְדִיעלְט
מֶען אִיהם דִיא אוֹיעֶרֶען
פוּן דֶעם קִינְד׳ס חָכְמָה, פוּן אַללֶע זַייטֶען .
אִיבֶּער הוֹיפְּט אַז דִיא מַאמֶע נֶעמְט עֶס צוּ זִיךְ,



אוּנ דָאס קִינְד פַּאטְשְׁט דִיא מַאמֶע מִיט דִיא
הֶענְטְלֶעךְ „לְעֵת־עַתָּה׳ ,
שְׁמָעלְצְט זִיךְ דִיא מַאמֶע מִיר פַאר זַיין חָכְמָה
עֶס אִיז „פוּנְקְט צְווֵיי טְרָאפְּפֶען דֶער טַאטֶע׳

2.

עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דִיא צַייט--מֶען דַארְף דָאס קִינְד
אַנְטְווֵייגֶען .
דָאס קִינְד רַייסְט זִיךְ ,– עֶס קֶען דִיא מִילְךְ נִישְׁט
פֶערְגֶעסֶען ,
עֶס הַאלְט אִין אֵיין שְׁרֵייעֶן , אִין אֵיין ווֵיינֶען ,
עֶס נֶעמְט נִישְׁט אִין מוֹיל קֵיין עֶסֶען .
דִיא אַמְמֶע נֶעמְט דָאס קִינְד אוּנ לֵייגְט עֶס צוּ צוּם
בְּרוּסְט ,
וֶוערְט דָאס אַנְשְׁלָאפֶען – „לְעֵת־עַתָּה׳ .
אִיהר זֶעהט וָואס דֶעם קִינְד הָאט זִיךְ גֶעגְלוּסְט ?
„עֶס אִיז פוּנְקְט צְווֵיי טְרָאפְּפֶען דֶער טַאטֶע׳ . . ;

3.

דָאס קִינְד וֶוערְט גְרֶעססֶער
גִיט מֶען אִיהם אַװֶעק אִין שׁוּל.
בַּייא דֶעם גַנְבֶ'ט עֶר אַבּוּךְ, בַּייא דֶעם אַ פֶּעדֶער־
מֶעססֶער.

אוּנ לֶערְנֶען נֶעמְט עֶר נִישְׁט אִין מוּיל;
דִיא קִינְדֶער מַאכֶען אָן אַגֶעװַאלְד,
שְׁטוּפְּט מֶען אִיהם אַרוֹיס פוּן שׁוּלל לְעֵת־עַתָּה׳.
וֶוערְט עֶר אִין דְרוֹיסֶען אַגַנָב בַּאלְד,
„פוּנְקְט צְװַוייא טְרָאפְּפֶען — דֶער טַאטֶע״.

4.

דָאס קִינְד הָאט שׁוֹין חֲתוּנָה גֶעהַאט מִיט גְלִיקק,
עֶר שְׁלָאגְט דָאס װַייבּ אוּנ מוּטְשֶׁעט זִיא אִין אֵיין
שְׁטִיק.
דִיא מוּטֶער קוּמְט צוּ גֶעהְן אוּנ טְרֶעפְט אִיהם בֵּייז
וִויא אַטִיגֶער,



אוּנ צוּ טְרֵייסְטֶען דִיא שְׁנוּר הֶעלְפְט אִיהר װֵיינֶען
דִיא שְׁװִיעגֶער.
װַיין נִישְׁט מַיין קִינְד, אִיךְ הָאבּ נָאךְ אוֹיךְ דִיא
סִמָנִים
פוּן זַיין בֵּייזֶען טַאטֶען „לְעֵת־עַתָּה׳.
אֲפִילוּ דָאס שְׁלָאגֶען זַיינְס, מִיר פַאר זַיין פָּנִים,
אִיז אוֹיךְ „פוּנְקְט צְװַוייא טְרָאפֶען דֶער טַאטֶע״....

---

15.

„נִישְׁט אַלֶעס אִיז גָאלְד װָאס עֶס שַׁיינְט״.

1.

אַךְ וִויא פַאלְשׁ אִיז יֶעצְט דִיא װֶעלְט.
שְׁװִינְדֶעל בֶּעגֶעגְנְט מֶען אוֹיף יֶעדֶען טְרִיט.
יֶעדֶער גֶעהְט מִיט אַ מַאסְקֶע פַארְשְׁטֶעלְט.
דֶעם אֶמֶת װֵייסְט קֵיינֶער נִיט.

יֶעדֶער קוּקְט נָאר פִיר זִיךְ אַלֵיין,
פִיר דֶעם צְווֵייטֶען קִימֶערְט אִיהם גָאר נִיט;
מֶען קוּקְט נִישְׁט אוֹיף יֶענֶעמְ׳ס פַּיין,
נָאר צוּ צַאפֶּען בַּייא יֶענֶעם דָאס בְּלוּט.
אַז אִיךְ טְרֶעף אַ גוּטֶען בְּרוּדֶער אָן,
ווִיא וָואלְט אִיךְ אִיהם גֶערן אַלֶעס גֶעטְהוּן,
אַבִּי צוּ צֵייגֶען זִיךְ גוּטֶע פְרַיינְד.
נֵיין, בְּרוּדֶער, הָאבּ אִין אִיהם קֵיין בִּטָחוֹן,
עֶר וָואלְט דִיר גֶערן גֶעשְׁטָאכֶען
דֶען נִישְׁט אַלֶעס אִיז גָאלְד, וָואס עֶס שַׁיינְט!

2.

עֶס טְרֶעפְט אַמָאל וָואס אַ מֶענְשׁ הָאט פִיעל
שְׁמֶערְצֶען.
אַז ס׳אִיז גָאר אוּנמֶאגְלִיךְ צוּ עֶרטְרָאגֶען,
אִיךְ עֶרצֶעהל אַ גוּטֶען פְרַיינְד מַיין הֶערצֶען,
פִיר אַ פְרֶעמְדֶען שֶׁעם אִיךְ מִיךְ אוֹיס צוּ זָאגֶען.
דֶער צְווֵייטֶער כְּלוֹמֶר׳שְׁט זִיפְצְט אָן אַ שִׁעוּר,
נָאר הֶעלְפֶען קֶען עֶר מִיר נִיט;



הִינְטֶען אַרוּם בֶּעלֵיידִיגְט עֶר מִיר,
אוּנ מַאכְט מִיר קַאלֶיע מַיין קְרֶעדִיט;
עֶר שְׁוֶוערְט וָואס עֶר קֶען נִיט רוּהֶען,
עֶר וָואלְט גֶערן אַלֶעס פַאר מִיר גֶעטְהוּן;
אַבִּי מִיר צוּ הֶעלְפֶען הַיינְט.
אִין הֶערְצֶען ווֵייס אִיךְ,
אוּנ טְרַאכְט בַּייא זִיךְ:
„נִישְׁט אַלֶעס אִיז גָאלְד, וָואס עֶס שַׁיינְט".

3.

אִיךְ גֶעה אַרַיין אִין אַ גֶעוֶועלְבּ, פוּל מִיט סְחוֹרָה.
אוֹיס גֶעפּוּצְט אַלֶעס מַאסִיוו.
אַ קוּק טְהוּן אוֹיף דֶעם — אִיז אַ מוֹרָא,
אָנגֶעפַּאקְט פוּל פוּן אוּנְטֶען בִּיז אַרוֹיף.
דִיעֶנֶער׳ס בֶּעז־סְטשָׁאט;
אַ כְּלַל עֶס אִיז אַ גֶעשֶׁעפְט אַ פַיינֶער,
אָבֶער מַאכְט מִיט אִיהם אַ רַאסְטְשָׁאט,
צוּ אִיז דֶער גֶעשֶׁעפְט גָאר נַיינֶער,

הָאט עֶר דֶעם גֶעשֶׁעפְּט אוים גֶעשְׁטֶעלְט,
דֶערְפַאר שְׁווינְדֶעלְט עֶר הַיינְט.
אָבֶּער אַז עֶר קוּמְט צוּם רַאסְטְשָׁאט
אַזוֹי בְּלַייבְּט עֶר בַּאנְקְרָאט,
„דֶען נִישְׁט אַלֶעס אִיז גָאלְד, וָואס עֶס שַׁיינְט“.

4.

דֶער גְרוֹיסֶער צַדִיק, — דֶער יְרֵא שָׁמַיִם,
וָואס אִיז מִיט דֶעם גַאנְצֶען הֶערְצֶען אַ־נְ־עֶרְלִיכֶער
יוּד;
אוֹיךְ אַלֶע מִצְוֹת אִיז עֶר מְקַיֵים,
אוֹיף עוֹלָם הַזֶה קוּקְט עֶר גָאר נִיט;
דֶעם קַארְק צוּ דֶער עֶרְד גֶעבּוֹיגֶען,
ווייל דָאס אִיז גָאטְ'ס גֶעבָּאט,
אוּנ בַּיים דַאווֶנֶען גְלָאצְט עֶר מִיט דִיא אוֹיגֶען,
אוּנ רֶעדְט שְׁטֶענְדִיג נָאר מִיט גָאטְ;
פְּרִיוָוט הַאנְדֶעלְט נָאר מִיט אִיהם
וֶועט אִיהר וִויסֶען, וִויא עֶר אִיז פְרוּם,
עֶר אִיז דָאךְ שוֹין גָאר נִיט דֶער זֶעלְבֶּער הַיינְט;



עֶר אִיז נָאר פַארְשְׁטֶעלְט,
ווייל עֶר מֵיינְט נָאר דָאס גֶעלְד,
„ווייל נִישְׁט אַלֶעס אִיז גָאלְד, וָואס עֶס שַׁיינְט“.

5.

דָארְט גֵייעֶן פְרֵיילִינְס מִיט קַאוַואלֶיעְרִין,
אוּנ פַאנְגֶען אָן דֵייטְשׁ צוּ שְׁפְּרֶעכֶען בַּאלְד;
אַךְ וִויא גְרָאסְפַּארְטִיג זֵייא שְׁטָאלְצִירֶען;
אָנְ־צוּזֶעהְן אִיז דָאס אַ גֶעוַואלְד.
דִיא קַאוַואלֶיעְרִין מִיט דִיא בְּרִילֶען אוֹיף דִיא אוֹיגֶען
פַארְשְׁטֶעלֶען זֵיי דִיא שַׁיין פוּן דֶער וֶועלְט;
אִין אֶמֶת'ן טְהוּט עֶס זֵיי גָאר טוֹיגֶען,
זֵייא פַארְשְׁפָּארֶען זֶעהְן, אַז זֵייא הָאבֶּען קֵיין גֶעלְד.
וַוארוּם שְׁטָאלְצִירְט אִיהר,
אַךְ גָאר אָהְן אַ שִׁעוּר?
פֶערְגֶעסְט נִיט וֶוער אִיהר זַיינְט!
יֶעדֶער פַארְשְׁטֵייט,
אַז דוּרְךְ דִיא בְּרִילֶען זֶעהְט מֶען קֵיין בְּרוֹיט.
„נִיט אַלֶעס אִיז גָאלְ וָואס עֶס שַׁיינְט“.

6.

אך וויא שעהן, דוא יוד, דוא האסט א מאהל
אויסגעוויעזען ·
דיין פראכט, דיין גלאנץ, האט יעדער געזעהן,
שטעדטע, קלוגע העלדען אונ ריעזען,
אלעס גוטעס איז ביי דיר געוועזען ·
וואס איז געבליבען פון דיר געווארען,
ווא איז דיין שיינהייט פון דאן ?
וועה איז געבליבען צו דיינע יאהרען,
צי ביזט דוא נאך היינט דער זעלבער מאן ? !
זינד דוא ביזט געווארען פארטריעבען,
ביזט דוא עלענד געבליעבען,
ווערסט נאך פערפאלגט ביז היינט ;
אין דעם רעכטען בראך,
שיינסט דוא דאך ·
„נאר נישט אלעס איז גאלד וואס עס שיינט“ ·

——



16.

## „אז אך אונ וועה איז צו דעם געלעכטער“ ·

1.

נישט אלעס איז גאלד, וואס עס שיינט,
האבען קלוגע מענשען ענדעקט ·
דאס זעהן מיר זעהר אפט היינט,
פיעל זאכען וואס זענען מיט גאלד באדעקט ·
ווען איהר זעהט למשל מענשען לאכען,
מוזט איהר דאך מיינען, אז דער לאך איז
א רעכטער ·
ניין ! דאס איז פון דיא געגאלדעטע זאכען,
„אז אך אונ וועה איז צו דעם געלעכטער“ !

2.

העהר נאר טאכטער, וואס מען זאגט אויף דיר,
הערט מען א מוטער זיך בעקלאגען,

דוא לויפסט ארום מיט יונגע לייט אויף דעם
שפאציער
אונ דוא טהוסט א זעלבעס, וואס עס פאסט נישט
צו זאגען.
זיא לאכט: חא־חא, דאס איז איין אנטיק,
איך בין נאך אזוי פרום, וויא אלע יודעשע
טעכטער.
אונ אז מען גיט נאר אויף איהר א קוק,
„אז אך אונ וועה איז צו דעם געלעכטער“!

3.

בעטראכט אין טהעאטהער דיא אקטיארען,
וויא לוסטיג זיי זענען צו יעדער צייט.
קוקענדיג אויף זיי וועט איהר שווערען,
אז זייא זענען דיא גליקליכסטע לייט.
זיי לאכען אונ זינגען פריילינע ליעדער,
אונ איהר מוזט דאך מיינען, אז דער לאך איז
א רעכטער,



אבער נישט פיר איך געדאכט ליעבע ברידער,
„אז אך אונ וועה איז צו זייער געלעכטער“!

---

17.

„דלות“.

1.

לויפט אונ זעהט אין דער גאס,
וויא אלעס איז פערביטען;
וויא פון קליין ביז גרויס
איז דער דלות ארויף געריטען.
מען הוליעט, מען לעבט,
מען קויפט, מען שמרעבט,
נאר אוים צו ברענגען געלד אויף אלעס;
בִּיסס { אונ דער פאר אוי וועה איז מען א דלות,
שבייט זשע קינדער דלות!

2.

טפוי! צו אלדע שווארצע יאהר!
זעה איך דיא קעכין שפאציערען;
אנדערש שטעהט איהר נישט אן,
נור געארעמט צו שפאציערען.
זיא טהוט זיך שיין אן,
און פודערט זיך אן,
פונקט וויא איהר מאדאם מיט אללעם!
ביסס { און צום סוף איז זיא א דלות,
שרייט זשע קינדער דלות!

3.

קוקט נאר אן דעם העלד,
מיט דעם ראק מיט דיא מאנזעטען;
אויף טויזינד רובל א וועט —
קען איך זיך מיט אייך וועטען;
ער רעדט דייטש,



און קנאקט מיט דער בייטש,
און שרייט, איך צאהל פיר אלעם?
און צום סוף איז ער א דלות,
„שרייט זשע קינדער דלות"! —

4.

זעהט נאר דעם קבצן דארט,
וויא ער וויל שוין שווארץ־ברויט נישט עססען;
ער פוצט זיך אויס וויא א לארד,
און טהוט אן אלעם פארגעססען:
דאס ווייב שיקט ער אין דיא בעדער,
דאס ווייסט א יעדער,
און זיא געפינט דארט א יוד מיט אלע מעלות;
און פון דעם וואקסט א דלות,
שרייט זשע קינדער דלות! —

---

## 18.

## הֶערֶען, אוּנ זֶעהֶן, אוּנ שְׁוַויינֶען.

1.

שוין מֶעהרֶערֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶן,
אִיךְ קֶען דָאס מִיר גָאר נִישְׁט עֶרְקְלֶערֶען;
אִיךְ זָאג אַייךְ דִיא נַאל קֶען פָּשׁוּט צוּ גֶעהֶן
פּוּן צוּזֶעהֶן אוּנ צוּהֶערֶען;
נָאר גֵיי אוּנ שְׁרַיי, עֶס עֶנְטְפֶערְט נִישְׁט קֵיינֶער·
אוּמְזָאנְסְט אִיז מַיין וַויינֶען אוּנ קְלָאגֶען.

בּיסס
אוּי אִינְגֶער מַאן, ווִילְסְט דוּא הָאבֶּען
נַאנְצֶע בֵּיינֶער?
זָאלְסְט־דוּא הֶערֶען, אוּנ זֶעהֶען,
אוּנ שְׁוַויינֶען!

2.

ח׳לֶעבִּין רֶבִּי, מַאן צָאהלְט אַייךְ גֶעלְד,
אִיז אַ יוֹשֶׁר אִיהר זָאלְט אוּנְז אָפּ נַארֶען?



מַאן זִינְדִיגְט, אוּי וֶועה, ס׳אִיז אַ גֶעוואַלְד!
אוּנ אַייךְ הֵייבְּט גָאר נִישְׁט אָן צוּ הַארֶען;
אִיהר זֶעהט פַאר זִיךְ אַזַא זִינְדִיגֶע וֶועלְט
אוּנ אִיהר, צַדִיק, קֶענְט דָאס עֶרְטְרָאגֶען.

בּיסס
אוּי וֶועה מַיין קִינְד, מַאן צָאהלְט מִיר גֶעלְד
פַאר הֶערֶען, אוּנ זֶעהֶן, אוּנ שְׁוַויינֶען! —

3.

אִיךְ ווֶעל אַייךְ עֶרְצֶעהלֶען אַ שֵׁיין שְׁטִיקֶעל,
וָואס מִיט אַ חָסִיד׳ל הָאט זִיךְ פֶערְלָאפֶען:
שְׁפֶּעט בַּיי נַאכְט, אִין אַ פּוּסְט ווִינְקֶעל
הָאט עֶר אַ נְשָׁמָה׳לֶע גֶעטְרָאפֶען;
אִין דֶער נְשָׁמָה׳לֶע הָאט עֶר אַ דִבּוּק דֶערזֶעהֶן,
הָאט עֶר דֶעם דִבּוּק גֶעוָואלְט פֶערְיָאגֶען.

בּיסס
אִיךְ זָאל אַייךְ עֶרְצֶעהלֶען וָואס דָארְט
אִיז גִיוֶוען?
לָאמִיךְ בֶּעסֶער הֶערֶען, אוּנ זֶעהֶען,
אוּנ שְׁוַויינֶען.

4.

זאג נאר טאכטער, וואס דאס בעדייט,
וואס דאס קליידעל ווערט אלע מאל ענגער ?..
איך זעה עפעס נאר פון א שטיקעל צייט
ווערסט דוא אלעס גרעבער וויא לענגער ;
אוי וועה איז מיר און ווינד איז מיר,
הער אויף דיין מאמען צו פלאגען.
ביסס { דאס איז מיר געקומען, מיין ליעבע מוטער.
{ פון זעהען און הערען און שווייגען. —

---



19.

## „קיין חתן איז נישט דא".

1.

אלע מיידלעך פון מיין ראנג
זענען פון צרות פריי ;
זיי האבען שוין מאנער לאנג
און קינדערלעך אויך דאביי,
נאר, אוי־וועה, איך אליין
האב נאך נישט קיין גוטע שעה ;
עלענד בין איך וויא א שטיין,
און קיין חתן איז נישט דא.

2.

ווא איך גיעב אווארף מיין בליקק
זעה איך פארלעך גייען ;

זִייא קִישֶׁען זִיךְ נָאר אַ־נִ־אַנְטִיק,
עֶס אִיז שׁוֹין צוּ זֶעהְן.
נָאר אוֹיף מִיר אִיז גָאטְטֶס צָארְן,
אוּמְזָאנְזְסְט וַוארְט אִיךְ אוֹיף אַ גוּטֶע שָׁעָה,
אִיךְ בִּין שׁוֹין גְרָאה אוּנ אַלְט גֶעוָוארֶען,
אוּנ קֵיין חָתָן אִיז נִישְׁט־דָא״.

3.

אַ סַךְ וַוייבְּלֶעךְ, וָואס אִיךְ קָאן,
זִייא זֶענֶען גְלִיקְלִיךְ הַיינְט,
יֶעדֶע לִיעבְּט שְׁטַארְק אִיהְר מַאן.
אוּנ אַ פְרֶעמְדֶען־אוֹיךְ נִישְׁט פַיינְד.
דֶערְצוּ וָואלְט אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ גֶענוּמֶען,
נָאר וִויא דֶערְלֶעבּ אִיךְ שׁוֹין דִיא גוּטֶע שָׁעָה.
דֶערְוַוייל מוּז אִיךְ נֶעבֶּעךְ אָבְּקוּמֶען,
וַוייל קֵיין חָתָן אִיז נִישְׁט־דָא.

---



## 20.

## „יָאקִיל מִיט צִיפֶּקֶע״.

1.

יָאקִיל אִיז אַ יוּנְג מִיט בֵּיינֶער,
גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער חְוָואט,
אוּנ צוּ צִיפֶּקֶע׳לֶע דֶער שֵׁיינֶער
הָאט עֶר חֵשֶׁק גֶעהַאט;
אַ מָאהל, אַז צִיפֶּקֶע הָאט זִיךְ פֶערְטְרַאכְט
הָאט עֶר זִיא אַרוּם גֶעחַאפְּט, דֶער בָּאךְ,
זִיא הָאט אָבֶּער אַ גֶעוַואלְד גֶעמַאכְט
אַוֶועק פוּן מִיר דוּא שְׁקָאץ.

ביסס:
אוֹי יָאקִיל, יָאקִיל, יָאקִיל — זֵיי־זְשֶׁע נִישְׁט קֵיין נַאר;
אוֹי יָאקִיל, יָאקִיל, יָאקִיל — וֶועסְט הָאבֶּען אַ סוֹף דֶער פַאר!

2.

יָאקִיל אָבֶּער, אָט דֶער בְּלַאזֶען
שַׁארְט זִיךְ שְׁטַארְקֶער צוּ,
אוּנ צִיפֶּקֶע ווִיל אִיהר כֵּעם בֶּעווייזֶען,
אוּנ צוּ אִיהם זָאגְט זִיא:
הֶעלְזֶען וֶועט דִיר נִישְׁט קֵיין טָאטֶער,
קְלוֹיבֶּען וֶועסְט־דוּא אַלֶע צֵיין.
עֶס! אִיךְ הֶער דִיךְ וִויא דֶעם קָאטֶער,
וֶועל אִיךְ דֶען לֵיידִיג שְׁטֶעהן.
אוֹי יָאקִיל, יָאקִיל......

3.

וָואס טוֹיג דֶער פַּחַד אוּנ דִיא אֵימָה,
וָואס הָאסְט דוּא מוֹרָא פַאר מִיר
וָואס אַנְטְלוֹיפְסְט־דוּא בְּהֵמָה,
אֵיין וָוארְט זָאג אִיךְ דִיר:
הֶער מִיךְ אוֹיס, נָאר זָאלְסְט נִישְׁט יָאגֶען.



גִיעבּ מִיר נָאר דִיא הַאנְד.
אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט דִיר לַאנְג שׁוֹין זָאגֶען,
אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ גָאר נִישְׁט פַיינְד!...
אוֹי יָאקִיל, יָאקִיל.....

4.

אוֹיבּ אִיךְ בִּין דִיר יָא גֶעפֶעלֶען,
דָאבּ זְשֶׁע חַתוּנָה מִיט מִיר.
אוּנ אַז דוּא וֶועסְט אַ חוּפָּה שְׁטֶעלֶען
שְׁוָוער זְשֶׁע מִיר בַּיי דִיר;
בְּרֶענְג זְשֶׁע מַשְׁקֶה אִין אַ בּוּטֶעלְקֶע,
אוּנ לֶעקֶעךְ אִין דֶער מִינוּט;
דֶערְוַוייל זַיי נִישְׁט מִיט מִיר קֵיין שְׁמֶעלְקֶע —
דַיין חוֹזֶק בִּין אִיךְ נִיט!
אוֹי יָאקִיל, יָאקִיל, יָאקִיל — זַיי זְשֶׁע נִישְׁט
קֵיין נַאר;
בִּיסס
אוֹי יָאקִיל, יָאקִיל, יָאקִיל — אָט הָאסְט דוּא
דֶעם סוֹף דֶער פַאר.....

5.

האָסט זיך אָנגעשטויסען, טהייערע ציפּקע,
יאָ, איך קלאָפּ שוין צו.
אַצונד בין איך דאָס שטיקעל היפּקע.
און דאָס פייער ביזט דוא. —
און יאָקיל האָט זיא אַרום גענומען
און אַ קוש געגעבען געשמאַק.
און ציפּקע האָט איהם צום גוטען סימן
צו גישטעלט איהר באַק.
אוי יאָקיל, יאָקיל, יאָקיל — זיי זשע נישט
קיין נאַר;
ביסס
אוי יאָקיל, יאָקיל, יאָקיל, — אָט האָסט דוא
דעם סוף דער פּאַר......

---



21.

## „אַ שדכן״.

1.

אַ שדכן זיין — איז זעהר גוט,
ער לעבט זיך שיין און פיין;
ער דאַרף נאָר זיין אין דעם געניט,
און דערביי קיין נאַר נישט זיין;
ער דאַרף נאָר קאָנען ליעגען זאָגען.
און מאַכען מיט דער האַנד,
קאָן ער שוין צו זאַמען טראָגען
אַפּילו אַ וואַנד מיט אַ וואַנד.

2.

אַ שדכן זיין — איז אַ גוטע זאַך,
ווען ער ווייסט זיך וויא צו בעגיין,

דִיא קְרוּמְסְטֶע זַאךְ צוּ מַאכֶען גְלַייךְ,
אוּנ מַאכֶען: יַא! פוּן נֵיין.
וֶוען אַ מְחוּתָּן גִיט זִיךְ אַ קְרִים,
אוּנ ווִיל נִישְׁט גֵיין צוּם שְׁפִּיעל,
מוּז מַאן אַ שְׁפִּיצֶעל אָב טְהוּן אִיהם,
אַז עֶר זָאל שְׁרַייעֶן: גֶעוַואלְד, אִיךְ ווִיל;..

3.

דֶער שַׁדְכָן הִיט נָאר זַיין גֶעזוּנְד
אוֹיבּ עֶר אִיז נָאר אַ חָתָן;
וָואס גֵייט אִיהם אָן דָאס וַוייבּ אוּנ קִינְד,
אַבִּי עֶר אִיז נָאר שְׁטֶענְדִיג זַאט;
דֶען ווָא עֶר קוּמְט נָאר אַרַיין,
אֲפִילוּ אִין דֶעם אָרֶעמְסְטֶען אָרְט,
טְרָאגְט מַאן אִיהם עֶנְטְגֶעגֶען אַ גְלֶעזֶעלֶע וַויין.
אוּנ אוֹיךְ צוּם פֶערְבַּייסֶען אַ שְׁטִיקֶעלֶע טָארְט.

---



22.

## „אַ תַּעֲנוּג אִיז צוּ זַיין אַ יוּד“.

1.

אַ תַּעֲנוּג אִיז צוּ זַיין אַ יוּד,
אִיךְ קֶען אַייךְ בֶּנֶאֱמָנוּת שְׁוֶוערֶען.
מֶאנְסְט נִישְׁט הָאבֶּען קֵיין יוּדִישׁ גְלִיעד.
קָאנְסְט דוּא אַ פַיינֶער יוּד ווֶערֶען;
מֶאגְסְט זַיין אֵיינֶער פוּן גַזְלָנִים,
אַ רוֹצֵחַ, אַ טִירַאן,
קוּים בֶּעטְוַייזְט דוּא אַ קְרוּם פָּנִים,
בִּיזְט דוּא שׁוֹין אַ פַיינֶער מַאן.

2.

זֶעהט נָאר דָארְט דֶעם רֹאשׁ־הַקָהָל,
ווִיא אִיהם טְרוֹיט יֶעדֶער בֶּנֶאֱמָנוּת;

ער רויבט בײ יעדען געלד אַן אַ צאהל,
און האט גאָר קײנעם קײן רחמנות;
ער רעדט אָבער נאָר מיט גאָטט,
פונקט וויא ער זאָל מיט איהם אַ חבר זײן;
אויפ'ן הויכען קול שרייט ער „אחד“,
דערפאַר איז ער אַ פײנער מאַן!

3.

אויף דעם חסיד אַלײן וועט יעדער גלויבען.
אַז ער מרעט נישט אַרויס פון זײן שטוב.
דרויף שטעל איך אײך אָבער מײן גאַנצען לעבען,
אַז ער האט אויך נישט פײנד, דאס וואס אַלע האבען ליעב:
אַ שײן מעדעל איז פאַר איהם אויך אַ סחורה,
עס זאָל איהם חלילה צו קײן שאַנד נישט זײן;
ער איז אָבער אָן געשטאָפּט פיעל מיט תורה,
דרום איז ער אַ פײנער מאַן!

---



23.

## „דאס פּאַסטוכיל“.

1.

אַ פּאַסטוכיל איז געװען אַ מאָל
אין דעם לאַנד־כנען;
מיט שאָף און רינדער־גאָר אָן אַ צאָל
פּפלעגט זײן האַנדעל זײן;
און אַז ער איז רײך געװאָרען,
האט ער געהאַנדעלט קאָרען,
און האט זײן געלד פערלאָרען —
עס איז איהם גענאַנגען שלעכט;
אָבי נישט ברויט צו בעטען,
פּפלעגט ער ציגעל קנעטען,
געמויערט הײזער און קלײטען,
געאַרבײט פאַר אײן קנעכט!

2.

ר׳ מֹשֶׁה גֶעהְט דוּרְךְ אוּמְגִירֶעכְט ,
אוּנ הָאט אִיהם בַּאלְד דֶערְקֶענְט .
„יַענְקֶעלֶע״! „הָאס בִּיזְט־דוּא אַ קְנֶעכְט ? –
בְּרֶעכְט עֶר מִיט דִיא הֶענְד !
צוּ הָאבֶּען אַזַא טַאטֶען ,
דֶעם רַייכְסְטֶען פוּן מַאגְנַאטֶען ,
אוּנ זַיין אַזוֹי פוּן וַוייטֶען ,
אוּנ נָאר קְנֶעטֶען לֵיים ? !
דַיין טַאטֶענְס לָאנְדֶער פְלִיעסֶען ,
פוּן מִילְךְ־הָאנִיג זִיעסֶען ,
אוּנ דוּא זָאלְסְט נִישְׁט גֶענִיעסֶען ?
אָה , קוּמְם צוּ אִיהם אַהֵיים !

3.

אַ סִמָן , אַז דוּא מָאנְסְט גְלוֹיבֶּען מִיר ,
דְיא צֶעהֶן וָוארְטֶער לֵייעֶן ,



וָואס דַיין טַאטֶע שְׁרַייבְּט צוּ דִיר
מִיט זַיין הַאנְד אַלֵיין !....
דִיא וֶוארְטֶער זָאלְסְט־דוּא גְלוֹיבֶּען ,
אִין הַארְצֶען זֵייא צוּ קְלֶעפֶּען ,
כְּדֵי זָאלְסְט קֶאנֶען לֶעבֶּען
אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט ! –
אוּנ מִיט אַפַייֶערְדִיגֶען וָואגֶען
אִיבֶּער וִויסְטֶע יַמִים גֶעיָאגֶען
הָאט עֶר אִיהם גֶעבְּרַאכְט צוּ טְרָאגֶען
אִין זַיין טַאטֶענְס גֶעצֶעלְט ! !

4.

אַז אַפַּאסְטוּכִיל—אַ יָאלְד
הֵייבְּט אָן צוּ גֵיין – נִיט שְׁלֶעכְט , !
הָאט עֶר זִיךְ פַארְגֶעסֶען בַּאלְד ,
אַז עֶר אִיז גִיוֶוען אַ קְנֶעכְט .
כֹּהֲנִים קוּילֶען לֶעמֶער ,
וַויין גִיסְט מַאן מִיט עֶמֶער ,

אונ לְוַויים מִיט כְּלֵי זֶמֶר
טַאנְצֶען אַרום אִיהם ;
בַייךְ אִיז מַאן — אַ מֶלֶךְ ,
לֶעבֶּען-לֶעבְּט מַאן פְרֶעהְלִיךְ ,
הָאט עֶר פַארְגֶעסֶען פַאמֶעהְלִיךְ
זַיין טַאטֶען-אֱלֹקִים !!

5.

אָט דָא הָאט זִיךְ זַיין טַאטֶע שְׁטַארְק צוּ הִיטְצְט ,
פוּן כַּעַס צוּהַאקְט דִיא וֶוענְד ;
אִיהם פוּן זַיין שְׁטָאדְט אַרוּים גֶעשְׁמִיטְצְט ,
אוּנ זַיין הויז — פֶערְבְּרֶענט ;
אִיהֶם אַרוּים גֶעטְרִיעבֶּען ,
אוּנ פְרֶעמְדֶע זֶענֶען פֶערְבְּלִיעבִּען ,
אוּנ הָאט זַיי פָארְגֶעשְׁרִיעבִּען
אִיהם פֶערְפָאלְגֶען נָאר אָן אַ צָאהל . —
דֶערְפַאר זֶעהט מַאן אִיהם הַיינְט יָאגֶען ;
צוּ זַיין טַאטֶען וַויינֶען אוּנ קְלָאגֶען :



עֶר זָאל אִיהם שוין מֶעהר נִישְׁט שְׁלָאגֶען ,
אוּנ שֶׁענְקֶען נָאךְ הַיינְטִיגֶעם מָאהל .

~~~~~~~~~~~~~~~~

24.

אַ יוּד בִּיזְט־דוּא , גֶעה וַוייטֶער , גֶעה .

1.

פֶערְיָאמֶערְט , פֶערְקְלָאגְט ,
פוּן זַיין הֵיים פֶערְיָאגְט
פַאר זַיינֶע גְרוֹיסֶע זִינְד ;
אַזוֹי אוּמֶעדוּם
טְרַייבְּט זִיךְ אַרוּם
פוּן גָאטְט דָאס פֶערְשָׁאלְטֶענֶע קִינְד ·
אַז עֶר זָאלל אוֹיף אֵיין אָרְט
נִישְׁט לַאנְג בְּלַייבֶּען דָארְט ,
נָאר גֶעהְן אוּנ נִישְׁט ווערְן מִיעד .
~~~~~~~~~~~~~~~~

דֶער פַאר הָאט אִיהם
זַיין טַאטֶע־אֱלֹקִים
גֶעשְׁטֶעמְפֶּעלְט מִיט דֶעם נָאמֶען יוּד.
זַיין קָאפְּף אָנְצוּשְׁפַּארֶען בֶּעט עֶר זִיךְ אַיין,
חָאטְשׁ וַויין, חָאטְשׁ שְׁרַיי, אוֹי וֶועה.
נֵיין! עֶנְטְפֶערְט מַאן אִיהם: מַאן לָאזְט נִישְׁט אַרַיין—
אַ יוּד בִּיזְט דוּא, גֶעה וֵויטֶער, גֶעה!

2.

אוֹיף זַיין וַוייטֶען וֶועג
הָאט עֶר גֶעהַאט טֶעג,
עֲמָלֵק הָאט אִיהם שׁוֹין דֶערְטַאפְּט.
אוּנ דִיא גְרוֹיסֶע שְׂרָרוֹת
כְּדֵי אוּנ פְּרַס
הָאבֶּען אִיהם אוֹיךְ גוּט גֶעקְלַאפְּט.
אוּנ אִיסְפַּאנְיַא אוּנ רָאם
הָאבֶּען אִיהם, וִויא אַ שְׁוָואם
אוֹיסְגֶעקְוֶועטְשְׁט אוּנ אַרוּים גֶעשְׁטֶעלְט;
פַארְבְּרֶענְט פוּן הִיטְץ,



דֶערְשְׁלָאגֶען פוּן בְּלִיטְץ,
פַארְפְרוֹירֶען פוּן שְׁרֶעק אוּנ פוּן קֶעלְט.
אוּנ וְוא נָאר אַ טִיר, אוּנ עֶר קְלַאפְּט נָאר דָארְט אָן—
הֶערְט עֶר נָאר אַיין גֶעשְׁרַייא:
וֶוער בִּיזְט דוּא, וָואס הָאסְט דוּא דָא נָאר צוּ טְהוּן,
אַ יוּד בִּיזְט דוּא, גֶעה וַוייטֶער גֶעה!

3.

— אוֹי, פְרֶעמְד בִּין אִיךְ נִיט,
אִיהר קֶענְט מִיךְ גַאנְץ גוּט,
אִיךְ הָאבּ דָאקוּמֶענְטֶען אַ סַךְ.
מַיין פַּאס, דֶעם אַלְטֶען
הַאלְט אִיהר בֶּעהַאלְטֶען
אַלֵיין אִין דִיא שַׁאפֶּעם בַּייא אַייךְ.
אוּנ דִיא בִּיבֶּעל, דִיא פֵיינֶע,
דִיא אִיז דָאךְ מַיינֶע
נִישְׁט אֶמֶת פִיעלַייכְט, וָואס אִיךְ זָאג?
אוּנ דָאס תְּהִילִים'יל וָואס נֵיין?
לֵייעֶנְט אִיהר אַלֵיין, אִיבֶּער פַאר אַייךְ)

אִיבֶּער פַאר אַייךְ יֶעדֶען טָאג!
יָא, דָאס אִיז אֱמֶת, דָאס וֶוייסֶען מִיר גוּט,
דָאס גֶעהֶערְט אָבֶּער צוּ דֶעם הֶעבְּרֶעער·
דִיךְ רוּפְט אָבֶּער מַאן מִיט דֶעם נָאמֶען יוּד;
אַ יוּד בִּיזְט דוּא, גֶעה וַוייטֶער, גֶעה!

4.

אוֹי לָאזְט מִיר אַרַיין,
אִיךְ וֶועל אַייךְ נוּטְצְלִיךְ זַיין —
אִיךְ בִּין דָאךְ פֶעהִיג צוּ אַלֶעם דִינְג·
צוּם לֶערְנֶען אַ מוֹח,
צוּ אַרְבֵּייטֶען — כּוֹח
צוּם הַאנְדֶעל — אַ גַאנְץ וָואילֶער יוּנְג.
— דָאס קֶאנֶען אוֹיךְ מִיר,
מִיט דִיר, וִויא אָן דִיר,
וִויא קוּמְסְט דוּא גָאר דֶען דֶערְצוּ?
דוּא פְּפְלֶעגְסְט דָאךְ פַארְצַייטֶען
עֶרְד בֶּעאַרְבֵּייטֶען,
שָׁאפֶעלֶעךְ פַּאשֶׁען, אוּנ פִיה!



— אַךְ, וְוא נֶעם אִיךְ הַיינְט דֶעם כּוֹח פוּן אַ מָאל!
שְׁוַואךְ בִּין אִיךְ, קוים וָואס אִיךְ שְׁטֶעה,
פוּן יָאגֶען אוּנ שְׁלָאגֶען — גָאר אָן אֵיין צָאל.
אַ תִּירוּץ אִיז: גֶעה וַוייטֶער, גֶעה!

5.

אוֹי, וָואהִין זָאל אִיךְ זֶעהן
אִין דֶער פִינְצְטֶער צוּ גֶעהן,
אִיךְ ווּעל וַוארְטֶען בִּיז עֶס וֶועט אוֹיפְגֶעהן דִיא זוּן·
בַּיי דֶער לִיכְטִיגֶער שַׁיין,
קֶאן מֶעגְלִיךְ זַיין,
וֶועט מַאן דֶערְקֶענֶען
מִיר אוֹיךְ, וֶוער אִיךְ בִּין;
מַאן וֶועט דֶערְקֶאנֶען אִין מִיר,
אַז אִיךְ בִּין פוּן פְרִיהֶר
אוֹיךְ פוּן אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶען שְׁטַאנְד;
אִיךְ פְּפְלֶעג אוֹיךְ רֶעגִירֶען,
פְּפְלֶעג אוֹיךְ קְרִיעג פִיהְרֶען,
גֶעהַאט אוֹיךְ אֵיין אֵייגֶען רַייךְ לַאנְד·

פָֿערְטְרִיעבֶּען הָאט מִיךְ מַיין „טַאטֶע" פֿוּן דָארְט,
נָאר דָאס רֶעדִיל קָאן זִיךְ גֶעבֶּען אַ דְרָעה;
עֶר קֶען מִיךְ נָאךְ בְּרֶענְגֶען צוּרִיק אִין מַיין לַאנְד,
אִיךְ זָאל נִישְׁט בַּארְפִֿין מֶעהְר הֶערֶען: „גֶעה, גֶעה!"

---

## 25.

## „בְּרַאוָואָ".

1.

דִיא עֶלְטֶערֶע מֶענְשֶׁען, — דִיא זֶענֶען סָאלִיעד,
זַיי שְׁרַייֶען „בְּרַאוָואָ" גֶעלַאסֶען;
דִיא יוּנְגֶערֶע אָבֶּער, דִיא וֶוערֶען נִישְׁט מִיעד
„בְּרַאוָואָ" אוֹיף דָעם קוֹל זִיךְ צוּ רַייסֶען.
אַפִילוּ דִיא קִינְדֶערְלֶעךְ גִיעבֶּען זִיךְ עֵצוֹת,
אַז דִיא עֶלְטֶערֶע פַארְשְׁטֶעלֶען זַיי דָעם „בְּרַאוָואָ",
פֶערַייסֶען זַיי דִיא קָאפְּלֶעךְ אִיבֶּער דִיא פְּלֵייצֶעס
אוּנ שְׁרַייֶען מִיט חֵשֶׁק „בְּרַאוָואָ"!



2.

אַ מֵיידֶעלֶע אַ יוּנְגָס, אוּנְשׁוּלְדִיג אוּנ שֶׁעהְן,
הֶעט־וַוייט, פוּן אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט,
אִיז גֶעקוּמֶען מִיט דִיא מוּטֶער אִין טְהֶעאַטְהֶער צוּגֵיין.
זִיא זִיצְט שְׁטִיל, מַאן הֶערְט פוּן אִיהר קֵיין וָוארְט.
נָאךְ דֶעם אַלֶעמֶען, אַז מַאן שְׁפִּיעלְט שׁוֹין אָב,
אִין דָא וֶוערְט אַ גֶעוואַלְד מִיט דֶעם „בְּרַאוָואָ",
שֶׁעמֶענְדִיג לָאזְט זִיא דָאס קָאפֶּעלֶע אַרָאפּ,
אוּנ שְׁמֵייכֶעלְט מִיט דֶעם פִּיסְקֶעלֶע „בְּרַאוָואָ"!

3.

אַ חָבִיד אִיז גֶעקוּמֶען אָנְגֶענוּמֶען אַ פָּאדְרַיַאד
פוּן גַאלִיצְיֶען, אוּנ אֶפְשַׁר פוּן וַוייטֶער.
הָאבֶּען אִיהם דֶערְטַאפְּט אַפָּאר חֶבְרָה־לַייט
אוּנ הָאבֶּען אִיהם פַארְשְׁלֶעפְּט אִין דֶעם טְהֶעאַטְהֶער.
דִיא גַאנְצֶע צַייט בַּייסְט עֶר דָאס בֶּערְדִיל מִיט דִיא צֵיין,
אוּנ דָא וֶוערְט אַ גֶעוַואלְד מִיט דֶעם „בְּרַאוָואָ";

הָאט עֶר מִיט אַלֶע גְלַייךְ יוֹצֵא גֶעוֶועהן ,
אוּנ זָאגְט : נָא , נָא , מְהֵיכָא־תֵּיתֵא „פְּרַאוָוא , „

4.

אוֹיף דֶער גַאלֶערִיע זִיצְט אֵיינֶער , אוּן חְרָאפֶּעט
גֶעשְׁמַאק ;
דָאס שְׁפִּיעלֶען הָאט אִיהם גָאר נִיט גֶענוּמֶען ,
וַוייל עֶר הָאט פְּרִיהֶר גֶעמִישְׁט וַויין , בִּיער מִיט
קָאנְיַאק ....
אֵיידֶער עֶר אִיז אִין טְהֶעאַטְהֶער גֶעקוּמֶען .
דֶער שְׁרָאקֶען חַאפְּט עֶר זִיךְ אוֹיף , ווִיא אַ הָאז ;
אוֹיף גֶעוֶועקְט הָאט אִיהם דֶער „בְּרַאוָוא" ,
דָא לֵייגְט עֶר צוּ זַיינֶע הֶאנְד צוּ דֶער נָאז ,
אוּנ רֶעוֶועט ווִיא אֵיין אָקְס „בְּרַאוָוא" !

---

